# קאנסטיטושען

פון

# קיעוו-טשערקאס

## בענעפישעל
## אסאסיאיישען

אין

## פילאדעלפיא

---

געגרינדעט דען 2טען אווגוסט 1904

## אפפיסערס

| | |
|---|---|
| איזראיל קראקאף | פרעזידענט |
| ליאים ספאלאנסקי | וויס פרעזידענט |
| סאל טאפקים | רעקארדינג סעקרעטאר |
| סעם סטאניסלאף | פינאנס סעקרעטאר |
| נייטען וואלאדערסקי | טרעזשורער |
| לואיס מעשענבערג | אינסייד גארד |
| מ. באדין | 1טער טראסטי |
| דייוו באראטץ | 2טער טראסטי |
| סעם אמען | 3טער טראסטי |

---

## אדוויזארי בארד

| | |
|---|---|
| מאריס ווינער | טשערמאן |
| מ. בעלאף | סעקרעטאר |
| וויל. שערלים | |
| מעקס קאהן נו. 2 | |
| מ. סלען | |
| מ. גאלדשטיין | |
| בענ. טזשיזיק | |

# אינהאלט פערצייכניסע

# געשעפטס פיהרונג

1. פארלעזען דיא בעאמטע.
2. פארלעזען פראטאקאל פון לעצטען מיטינג.
3. בעריכט פון קראנקען קאמיטע.
4. איבער פארגעשלאגענע קאנרידאטען.
5. באלאטירען קאנדידאטען.
6. איינפיהרונג.
7. פארשלאגען קאנדידאטען.
8. אונמעלדין קראנקע ברידער.
9. צושריפטען.
10. קאמיטע בעריכט.
11. איינצאהלינג.
12. אדוויזארי בארד בעריכט.
13. בילס פארלעזען.
14. צום וואהל אונד בעסטען.
15. איינאהמע אונד אויסגאבע.
16. שלוס דער מיטינג.



דיזע קאנסטיטושען איז אנגענומען געוואָרען פון די ברידער פון קיעוו-טשערקאסס בענעפישעל אסאסיאיישען, נאך דעם וויא אלע געזעצע פון דער אלטער קאנסטיטושען און אַלע ביילאָהס וואס זענען גיפעסט געווארען ביז דיזען טאג און זענען פערשריבען אין דיא אלטע פראטאקאלען זענען צוריק געוויזען געווארען.

---

# קאנסטיטושען

ארטיקעל 1.

נאמען פון דעם פעראיין

§ 1. דער נאמען און טייטעל פון דעם פעראיין זאל זיין: **קיעוו טשערקאס בענעפישעל אסאסיאיישען.**

§ 2. דיזער נאמען קען אויף קיין פאַל ניעמאלס גיענדערט ווערען, ווען נאהר 7 גוט שטעהנדע מיטגליעדער אין דעם פעראיין פערבלייבען,

ארטיקעל .2

מיטינגען:

§ .1 די רעגעלע מיטינגען זאלען 2 מאהל מאנאטליך שטאטפינדען, אונד דיא צייט, טאג און פלאַץ קען פון צייט צו צייט פון פעראיין בעש-טימט ווערען.

§ .2 יעדע 3 מאנאטען זאל דזשענעראל מיטינגען שטאטפינדען, געמליך אם ענדע פון דיא מאנאטען מארטש, דזשון, סעפטעמבער און דעס-עמבער.

§ .3 עלעקשען פון בעאמטע זאל שטאט-פינדען ענדע פון מאנאטען דזשון און דעסעמבער.

§ .4 7 גוטשטעהנדע מיטגליעדער קענען עפענען א מיטינג אין דער ריכטיגער צייט; וויניג-ער פון 7 מיטגליעדער קענען קיינע מיטינג ניט האלטען.

§ .5 אלע געשעפטען און פערהאַנדלונגען פון דיזען פעראיין זאל אין דער אידישער שפּראַך און שריפט געפיהרט ווערען; אויסנאהמע דיזע מעמבערס וועלכע קענען אין ענגליש בעסער זיך אויסשפּרעכען זאל ערלויבט זיין, מיט דער איינגע-לשער שפּראכע זיך אויסשפּרעכען.

ארטיקעל 3.

אויפנאהמע פון נייע מעמבערס

§ 1. יעדער איד, וועלכער איין גוטען כאראקטער בעשטייט, און איין מאראלישעס לעבען פיהרט; ער, זיין פרוי און קינדער זענען געזונד, און פערהייראט מיט א אידעשע פרוי, און אויך איין אנשטענדיגעס לעבען מאכט, קען פארגעשלאגען ווערען אין פעראיין אלס מיטגליעד; ער דארף אבער זיין ניט אינגער פון 18 יאהר און ניט עלטער פון 40 יאהר.

§ 2. נאר איין מיטגליעד פון פעראיין קען פארשלאגען קאנדידאטען. דער פארשלעגער מוז שריפטליך אהנגיבען דעם קאנדידאטס נאמען, וואהנונג, עלטער, בעשעפטיגונג, און ברייגען דאס בעשטימטע פארשלאג געלד.

§ 3. ווען דער קאנדידאט ווערט פון דיא ברידער אנגענעמען, זאל דער פרעזידענט אפוינטען איין קאמיטע פון 3 צו ערפאהרען אויב דער קאנדידאט איז גינסטיג צו ווערען איין מיטגליעד פון פעראיין, און צום נעקסטען מיטינג זאל דיא קאמיטע איין רעפארט ברייגען, דער פארשלעגער קען אין דיזער קאמיטע ניט זיין.

§ 4. ווען אין צייט פון איין יאהר נאך דעם קאנדידאטס אריינקומען אין פעראיין, ווערט איבערצייגט אז דער קאנדידאט האט פאלש אנגע-גיבען זיין עלטער, זיינע און זיינע פעמיליעס געזו-נדהייט, אדער ער האט געליטען ביפאר זיין אַריינקומען, פון איין בראנישע קראנקהייט אדער דיא פאַליגע, און ז. וו. איז דער מעמבער בערעב-טיג צום סוספענדירט ווערען.

§ 5. ווען איין קאנדידאט ווערט אפגעוויזען ווערען דורך איין שלעכטען רעפארט פון קאמיטע זאל זיין פארשלאג געלד צוריקגעגיבען ווערען צום פארשלעגער.

§ 6. ווען איין מיטגליעד וואס איז סינגעל אדער איין אלמן, געהט הייראטען, מוז ער דאס גלייך מעלדען אין פעראיין, און דער סעקרעטאר זאל שיקען דעם פעראיינס דאקטאר זיין פרוי אונטערזוכען, און ווען דער דאקטאר שיקט אריין א נינסטיגען רעפארט און די פרוי איז ניט עלטער פון 40 יאהר, דאַן איז זיא בערעכטיגט צו דיא בענעפיטען פון פעראיין גלייך ווי אנדערע פרויען-מיטגליעדער. און דער מיטגליעד דארף בעצאהלען די דאקטאר קאסטען. ווען די פרוי האט קינדער

פון ביפאר זיא הייראַטה, זענען זיי איינגערעכענט אלס דעם מיטגליעדס אדאפטירטע קינדער, און ניט פריהער פון 3 יאהר זענען זיי בערעכטיגט צו פיונעראל עקספענכעס. און ווען דיא פרוי איז עלטער פון 40 יאהר, און קיין דאקטאר אטעסט איז ניט צו גישטעלט איז זיא ניט אנערקענט פון פעראיין.

§ 7. אַ קאנדידאט ווען ער ווערט פארגע-שלאגען סינגעל, זאל ער אנגיבען אויב ער האט קינדער. און אויב ער האט א פרוי וועלכע איז עלטער פון 40 יאהר אדער זיא שווינגערט, אדער זיא איז אין איין אנדער שטאדט, און די קינדער זענען ביי איהם, זענען זיינע קינדער בערעכטיגט צו פיוניראל עקספענסעס; טעכטער וויא לאנג זיי זענען ניט פערהייראט און זוהן ביז 20 יאהר.

§ 8. יעדער קאנדידאט, וואס ווערט פון דער קאמיטע גינסטיג רעפארטעט, זאל בענאכ-ריכטעט ווערען פון סעקרעטאר ער זאל געהן צום פעראיינס דאקטער זיך עקזאמענירען, אדער דער סעקרעטאר שיקט דעם דאקטער צום הויז פון דעם קאנדידאט אונטערזוכען זיין געזונד און זיין פרויס געזונד. און דער דאקטער דארף שיקען דעם סער-

טיפיקייט צום סעקרעטאר, און זא גליך זאל דער סעקרעטאר שיקען נאטיס צום קאנדידאט אז ער זאל קומען זיך אנשליסען צום פעראיין אלס מיט-גליעד. ווען דער קאנדידאט צו 3 מיטינגען ערשיינט ניט אהנע אנגיבען א גענוגענדע אורזאכע, דאן בלייבט זיין פארשלאג געלד דאס אייגענטהום פון פעראיין.

§ 9. יעדער קאנדידאט דארף פאר דאק-טער עקזאמענייגען זעלבסט בעצאהלען, אדער נאך דער אבשטימינג פון דעם פעראיין.

§ 10. דער פרעזידענט זאל דעם נייעם מיטגליעד דעם פעס-ווארט איבער גיבען.

§ 11. יעדער נייער מיטגליעד, בעפאר עס ווערט איהם דאס פעס-ווארט איבערגעגיבען מוז ער איין שבועה גיבען.

ארטיקעל 4,

דער צוועק דעם פעראינס

§ 1. דער צוועק פון דיזען פעראיין זאל זיין:—אונטערשטיצען קראנקע מיטגליעדער מיט וועכענטליכע בענעפיטען, אין צייט פון א טויט-ענפאל פון איין מיטגליעד אדער זיין פרוי ביי דער פיונעראל ביי צו וואהנען.

§ 2. אזוי ווי דער צוועק פון דעם פעראיין איז אויפטזיכליך אינטערשטיצונג זאל קיין אנדערע רעליגיעזע אדער פאליטישע צוועקען נישט פאר-קומען. דאס מעיינס קיין שוהלע אדער כינאגאגע טאר קיין מאהל אין דעם פעראיין נישט גיעפענט ווערען. דיזער ארטיקעל קען אויף קיין מאהל ניט איבער געמאכט ווערען. אויך איז פערבאטען דע-באטירען וועגען שוהלע איינגעלעגענהייטען.

ארטיקעל 5.

§ 1. די אלע בענעפיטען גוט סען ווען א מיטגליעד איז אריבער 6 מאנאטען אין דעם פעראיין אַ מיטגליעד, און ער איז איין גוטשטעה-נדינער מעמבער אין דיא ביכער.

§ 2. דער מיטגליעד וועלבער איז אין דער אריער האט נישט קיין רעכטע צו קיינע בענ-עפיטען אויסער קארקע, דערצו איז דער מיטגליד מיט זיין פאמיליע בערעכטיגט צום כוספענדירען.

§ 3. איין גוטשטעהנדיגער מיטגליעד איז אינטייטעלט צו קראנקען בענעפיט פון דעם טאג וועלכען ער האט זיך גימאלדען קראנק צום סעק-רעטאר און יוען דיא אינטערזיכונגס קאמיטע בעשטעטיגט זיין קראנקהייט.

§ 4. יעדער מיטגליעד וועלכער איז גוט-שטעהענדיג אין דיא ביכער וויא אין (פ. 1), איז בערעכטיגט צו קראנקען בענעפיט אין דער סומע פון $5.00 א וואך ווען דיא קאסע פון פעראיין בעשטעהט פון דער סומע פון $500. און ווען די סומע זינקט ארונטער $500 זאל דער בענעפיט גישלאסען ווערען אויף אזוי לאנג ביז דיא קאסע וועט צוריק שביינען דיא סומע פון $500.

§ 5. ווען איינער ברויכט שטיצע מוז ער זיך שריפטליך מעלדען צום סעקרעטער און דער סעקרעטער זאל דאס פארלייזען ביים מיטינג און ביי דעם מיטינג זאל מען בעשטימען וואס מען זאל טוהן מיט דעם צושריפט.

§ 6. ווען אַ מעמבער איז אין דער אריער האט דיא אדוויזארי קיין רעכט צו שטיצען דיזען מעמבער, און זיא מוז דאס צוריק איבער גיבען צום מיטינג.

§ 7. ווען אַ גוטשטעהענדיגער מיטגליעד איז קראנק ברויכט ער גלייך רעפּארטען צום סעקרעטאר וועלכער מוז גלייך רעפארטען צום פרעזידענט און וויס פרעזידענט. אויך איין קראנ-קען אינטערשטיצונגס קאמיטע מוזען דעם קראנ-

קען ברידער אונטערזוכען און דעם רעזאלטאט רעפארטען צום מיטינג. דער קראנקער מיטגליעד מוז ברייגגען איין דאקטער סערטיפיקייט פאר יעדע וואך. דיא קראנקהייט רעכענט זיך פון דעם טאג וואס דיא פאסט סטעמפ דייטעד.

§ 8. ווען דער רעקארדינג סעקרעטער ווערט קראנק מוז ער זיך גלייך מעלדען צום פרע-זידענט וועלכער זאל ארויס שיקען איין קראנקען אונטערזוכונגס קאמיטע

§ 9. איין גוטשטענדיגער מעמבער איז בערעכטיגט צום קראנקען בענעפיט $5.00 וועכ-ענטליך ווען ער בעלאנגט 6 מאנהייט צייט אין פעראיין.

§ 10. קיין מיטגליעד איז ניט בערעכטיגט מעהר וויא 8 וואכען אין יאהר אויף $5.00 א וואך און 4 וואכען אויף $3.00 א וואך. צוזאמען 12 וואכען, דער יאהר זאל זיך רעכענען פון דעם טאג וואס ער מעלדעט זיך.

§ 11. עס ווערט קיין קראנקען בענעפיט גיצאלט ווען דיא קראנקהייט האלט וועניגער פון איין פולע וואך.

§ 12. דער קראנקער מעמבער זאל

וועכענטליך בעריכטען דעם סעקרעטער שריפטליך וועגען זיין קראנקהייט, ווען ער ווערט גיזונט זאל ער זיך ביי דעם סעקרעטער אפמעלדען. פערזאמט ער דאס צו טוהן אין צייט פון 2 טעג פארלירט ער דעם בענעפיט פון דער לעצטער וואך.

§ 13. ווען איין מיטגליעד ווערט קראנק אויסער דעם שטאדט, ווייטער פון 25 סענט רייזע מיט רעטורן, מוז ער זיך מעלדען יעדע וואך צום סעקרעטאר. צו ענדע פון זיין קראנקהייט מוז ע'ר צו שיקען איין דאקטאר סערטיפיקייט מיט איין נאטערי פאבליק סיגנעטשור.

§ 14. ווען איין מיטגליעד מעלדעט זיך קראנק און עס צייגט זיך אז דאס קראנקהייט איז פון איין אונמאראלישעס לעבען צושטאנד, איז ער ניט בערעכטיגט צו קיין קראנקען בענעפיט.

§ 15. אין פאל דאס די קראנקען קאמיטע האט ביי איינעם איין קראנקען מיטגליעד איין פערדאכט, זאל דיא קאמיטע רעפארטען דעם פרעזידענט אדער סעקרעטאר, און דער פרעזידענט האט א רעכט צו שיקען איין פעראיין דאקטאר צו אונטערזוכען דעם קראנקען און דעם רעזאלטאט זאל דער דאקטאר צום פעראיין

רעפּארטען, וועלכע זאל עקטען נאך דיא געזעצע.

§ 16. דער פערויין זאל האבען א רעכט צו שיקען איין דאקטער פון פעראיין עני טאַים ווען נויטיג צו איין קראנקען ברידער ביז 5 וואכען

ארטיקעל 6.

אלד איידזש פאנד

§ 1. איין אלד איידזש פאנד איז נעגרינ-דעט געווארען אין 1914 און דער פאנד זאל גיעפ-ענט ווערען אין 1929.

§ 2. מעמבערס זענען בערעכטיגט צו אלד איידזש פאנד ווען זיי זענען מעמבערס אין אונזער פעראיין 15 יאהר צייט.

ארטיקעל 7.

שטערבענפעלע

§ 1. ווען ביי איין גוטשטענדיגען מיט-גליעד ה״ו איין טויטענפאל פאסירט איז ער אינ-טייטעלט צו פיונעראל עקספענסעס און לויה טויטען קאסטען, תכריחים וויא אויך קערעדושעס צום בית עלום.

§ 2. ווען איין מיטגליעד אדער זיין פרוי שטארבט זאל דער סעקרעטער שריפטליך בענאכ-ריכטען אלע מיטגליעדער דאס זיי זאלען צו דער

פיונעראל ערשיינען. ווען איין מיטגליעד אהן אורזאכע קומט ניט צו דער לויה ווערט ער בעש-טראפט מיט $1.00.

§ 3. יעדער מיטגליעד איז פערפליכטעט אהן טוהן זיך אנשטענדיג, געהן גידרעכט און דעם פעראיינס בעדוש אהן שפעלין, בא דער בעגלעטינג פון איין פערשטארבענעם מיטגליעד. סמאָקען איז שטרענג פערבאטען אין דער צייט.

§ 4. דער סעקרעטער קריעגט בעצאהלט פאר אטענדען איין פיונעראל $2.00, פאר איין קינד ביז 12 יאהר $1.00.

§ 5. ביים שטארבען איין מיטגליעד אדער זיין פרוי, און ער איז צום בענעפיט בערעכטיגט האט דער פעראיין איין טויטען וואגען און 2 קערעדזשעס צו שיקען. נעמליך; איינעם פאר דער פאמיליע און איינעם פאר די בעאמטע, פרעזידענט וויס פרעזידענט, טרעזשורע, און רעק. סעקרעטער בײ איין קונד ביז 3 יאהר איין אונדערטייקער וואגען און פון 3 ביז 5 יאהר איין טויטען וואגען. און פון 5 ביז 20 יאהר איין טויטען וואגען און איין קערעדזש. דאס מיינט איין זאהן ביז 20 יאהר און איין טאכטער וויא לאנג זיא איז סינגעל און

קיין מאהל ניט גיוועז פערהייראט.

§ 6. דיא אלמנה פון איין גוטשטענדיגען פערשטארבענעס מיטגליד קריגט אזוי פיעל $1.00 וויפיעל גוטשטענדיגע מיטגליעדער צעהלען זיך אין פעראיין אין צייט פון טויט, און $150 פון טרעזשורי. דיזער ארטיקעל קען גיענדערט ווערען פון צייט צו צייט, נאך די גיזעצליכע אבשטימינג פון דעם פעראיין. דיא אינדאוומענטס דארפען אויסגעצאהלט ווערען אין צייט פון 90 טעג נאך דעם טויטענפאל. דאס זעלבע קריגט דער מיטגליד ווען ח״ו דיא פרוי שטארבט. דיא געלדער מוז דער פעראיין בעצאהלען דעם אלמן אדער די אלמנה אין צייט פון 90 טעג נאך דעם טויטענפאל און פון דיא געלט דארף דער פעראיין ארונטער נעמען $25.00 איף איין מצבה ווען עס שטארבט חלילה איין גוטשטענדיגער מיטגליעד. איין סינג-עלמאן זאל די אינדאוומענט געלט אויסגעצאהלט ווערען צו דעם פערשטארבענעמס פריינד, עני פריינד דער מיטגליעד האט אין זיין פאמיליע, צו דעם נעהענסטען פריינד, אדער צו דעם פריינד וואס דער מיטגליעד שרייבט אפ אין דעם דאקטער סערטיפיקייט. און ווען דער מיטגליעד האט קיינע

פריינד און ער האט צו קיינעם ניט אפגעשריבען דעם אינדאוומענט, זאל דער פעראיין ספענדען $50.00 אויף איין מצבה און דאס איבעריגע געלט זאל געהערען צום פעראיין.

§ 7. ווען איין מיטגליעדס פרוי שטארבט און ער היירעט פאר איין 2טער פרוי און דאן ווען דער מיטגליעד שטארבט מוז דער אינדאוומענט געלט גלייך צו זיין פרוי פון פעראיין אויסגיצאהלט ווערען.

§ 8. ווען איין מיטגליעד האט 1 מאהל ענדאוומענט געקריגען און ער הייראט פאר דער 2טער פרוי, דארף ער פאר איהר פארשלאג געלד גיבען ביז 40 יאהר אלט $5.00, ווען זיא איז מעהר וויא 40 יאהר אלט איז וויא דער פעראיין וועט בעשטימען.

§ 9. דאס ווארט פאמיליע אין דער קאנסטיטושען זאל מיינען איין פרוי וואס זיא איז ניט גישיידען דורך אידישען אדער גיזעצליכען רעכט, אין פאל איינס פון די 2, איז זיא נישט קיין פאמיליע, אויך טעכטער וועלכע זענען קיין מאהל פערהיירעט גיוועז און זענען נאך יעצט סינגעל, און זוהן ניט עלטער זוי 20 יאהר זענען בערעכטיגט

צו פיונעראל עקספענסעס. ווען איין מיטגליעד הייראט איין פרוי וועלכע זיא האט קינדער פון איין אנדער מאן, זאלען די קינדער בערעכטיגט זיין צו פיונעראל עקספענסעס. זוהן ביז 13 יאהר טעכטער ביז 15 יאהר, ווען ער האלט זיי ביי זיך אין הויז און ביי זיין טיש.

§ 10. ווען איין מיטגליעד ווערט אַיי אבל, זאל ער $5.00 שבעה געלט קריגען, און ער מוז זיין איין גוטשטענדיגער מיטגליעד און דארף בעלאנגען אריבער 6 מאנהייט צייט צום פעראיין און ער מוז זיצען שבעה ניט ווינציגער פון 3 טאג ווען איין מיטגליעד בעקומט איין נאכריכט פון איין טויטענספאלל פון זיין פאמיליע וועלכע איז אויסער דער שטאדט און ער מוז נאך זיי זיצען שבעה זא מוז ער איבערצייגען מיט איין דאקיומענט זיין שבעה בענעפיט צו קריעגען.

§ 11. ווען עס טרעפט איין טויטענפאל ביי איין מיטגליעד אויסער דער שטאדט זא מוז דער מיטגליעד דעם טויטען אויף זיינע קאסטען ברענגען אין פילאדעלפיא, און אונזער פעראיין איז פערפליכטעט צו בעערדיגען דעם טויטען וויא געזעצליך איז.

§ 12. ווען איין מיטגליעד וויל ניט בע-ערדיגען דעם טויטען אויף אונזער סעמעטערי דארפען מיר איהם גיבען בלויז 3 קערעדישעס, 1 פאר דער קאמיטע און 2 פאר דער פאמיליע.

ארטיקעל 8.

בעערדיגג

§ 1. ווען א פרוי פון איין פערשטארבענעס מיטגליעד וויל בעלאנגען אין דעם פעראיין מוז זיא צאלען $6.00 א יאהר דיוס און $1.00 אינדאוומענט ווען איין מיטגליעד אדער זיין פרוי שטארבט, און איז צו קיין זאך בערעכטיגט, בלויז צו אינדאוו-מענט און פיונעראל עקספענסעס ביז זיא ווערט פערהייראט צו איין צווייטען מאן.

§ 2. ווען איין פריינד פון אינזער איין מיטגליעד אדער פון מיטגליעדס פרוי שטארבט און זיי פערלאנגען פון אונזער פעראיין איין גריעב צו קויפען, האט דאס רעכט דער פעראיין איהם איין גריעב צו פערקויפען און רעכענען איהם דעם פרייז $15.00 פאר איין גרויסען און $10.00 פאר איין קינד ביז 10 יאהר אלט. דער פרעזידענט מיט דעם סעקרעטאר קען דאס אטענדען. אויך מוז דער מיטגליעד גיבען איין סעקיורעטי פון $25.00 פאר

איין מצבה וועלכע מוז ביז 3 מאנהייט נישטעלט ווערען.

## ארטיקעל 9.

## בעאמטע

§ 1. דיא אפיסערס פון פעראיין זאל בעשטעהן פון פאלגענדע; פרעזידענט, וויים פרעז. טרעזשורער, רעקארדינג סעק., פינאנס סעק. 3 טראסטיעס, אינסייד גארד קאנדאקטער אדווייזערי און מעדיקעל עקזאמענער.

§ 2. קיין מיטגליעד קען ניט ערוועהלט ווערען אלס בעאמטער ווען ער איז ניט נוטשמענ-דיג אין דעם פעראיין.

§ 3 איין פאטער מיט איין זוהן, 2 ברידער אדער איין שוועהר מיט איין איידעם קען ניט ערוועהלט ווערען אלס בעאמטע אין דעם זעלבען טערמין.

§ 4. דיא אדוויזארי בארד בעשטעהט אלס 5 פון 100 מיטגליעדער וועלכע ווערען נאמע-נירט און ערוועהלט צוזאמען מיט דיא בעאמטע פון דעם פעראיין, און דיזע בעאמטע זאל זיין מיט דיא אדווייזערי: פרעז., וויים פרעז., רעקארדינג סעקרעטאר און טרעזשערער. און דיא בעאמטע זאלען ניט טאהרען וואטען.

ארטיקעל 10

פליכטען דעם פרעזידענטען

§ 1. דער פרעזידענט זאל ביא אללע פערזאמלונגען דעם מיטינג פיהרען אין גוטען ארדער, ביים שטימען גלייכהייט זיין אויסשלאג גיבען.

§ 2. ער זאל דיא מאדזשארעטי פון אלע נויטיקע קאמיטעס אפוינטען.

§ 3. ער איז פערפליכטעט ספעשעל פערזאמלונגען פערופען ווען אין פעראיין ווערען אזעלכע בעשלאסען, אדער פון 7 גוטשטענדיגע מיטגליעדער מיט שריפטליכע ארזאכע. און ווען דער מיטגליעד ווערט צום ספעשעל פערזאמלונג ניט ערשיינען זאל דער מיטגליעד בעשטראפט ווערען מיט $1.oo.

§ 4. ער דארף זעהן אז די פערזאמלונגען זאלען זיין אין איין גוטען ארדער, דעם אונריהיגען אדער דעם אונגיהארכזאמען מיטגליעד צו בעש-טראפען, און די גישעפטען פון פעראיין פונקטליך צו בעזארגען.

§ 5. ער האט דיא פאפירען, באנק באך און אלע דאקיומענטען און פארמעגען פון פעראיין

צו בעווארענען און זאל זיין נאכפאלגער אלעס איבער גיבען ווען ער וועט פון זיין אמט אנטלאסען ווערען. אויך זאל דער פרעזידענט אלע טשעקס צום טרעזשורע אונטערשרייבען.

§ 6. ער איז פערפליכטעט אהן צו נעמען דיא פארשלעגע פון מיטגליעדער ווען זיי ווערען אונטערשטיצט און ווען זיי זענען נוצליך, און פאר דיא אנוועזענדע מיטגליעדער פארלעגען, און דיא מאדזשארעטי ענשעהדען.

§ 7. ווען איין אפיסער וויל זיין אמט פערלאזען זאל ער שריפטליך אין פעראיין מעלדען און דער פעראיין האט דאס רעכט האנדלען נאך דיא גיזעצע.

§ 8. דער פרעזידענט האט א רעכט צו שטיצען איין נויטליידענדען ברודער מיט $3.00 אהן די ערלויבעניס פון פעראיין. עס דארף אבער מעהר ווי 2 מאהל אין די 6 מאנאטען ניט טרעפען.

§ 9. ווען איין פרעזידענט ערשיינט ניט 3 מאהל צו איין מיטינג אהן איין גינסטיגער אורזאכע ווערט ער פון זיין אמט סוספענדירט.

## ארטיקעל 11.

### פליכטען דעם וויים פרעזידענטען

§ 1. דער וויים פרעזידענט איז פארפליכ-טעט דעם פרעזידענט אין אללע פעראיינס אנגיל-עגענהייטען צו אונטערשטיצען, העלפען ארדנונג צו האלטען ביי דיא פערזאמלונגען, ווען דער פרעזידענט איז אפוועזענד זאל ער זיין שטעלע פארטרעטען, און דיא קאמיטעען צו ערוועלען. אין אפוועזענהייט דעם וויים פרעזידענט זאל דער ערשטער טראסטיע זיין זיצע אנעמען.

## ארטיקעל 12.

### פליכטען דעם פראטאקאל סעקרעטאר

§ 1. דער סעקרעטאר זאל איין ריכטיגען און גיטרייען פארטאקאל פירען איבער אלע פערהאנדלונגען פון פעראיין, און גיפעסטע פארש-לאגע, אויסשטעלען אלע אנווייזונגען, טשעקס צום טרעזשורע אונטערשרייבען. ער זאל אין יעדען פערזאמלונג דיא נעמען פון דיא בעאמטע אויס רופען, ער זאל ביפאר איינפיהרען דיא קאנדי-דאטען דיא גיזעצליכע פראגען און פאר-צימער פארלעזען. די מיטגליעדער אין די פערטיל יאהריגע פערזאמלונגען פון איהרע שולדען בענ

אבריכטען און זאל אללע גיזעצע פערענדערונגען זא באלד פון פעראיין אנגענומען ווערען זאל אין פראטאקאל איינגעפיהרט ווערען.

§ 2. ביי שטערבענפאל פון איין מיטגליד אדער זיין פרוי זאל ער אלע מיטגליעדער און בעאמטע צום פיונעראל דורך נאטיס איינלאדען.

§ 3. דער סעקרעטער זאל איין קראנקען מיטגליעד באזוכען אין צייט פון 24 שטונדען נאכדעם וויא דער קראנקער האט זיך גימאלדען און מיטגליעדער פון דעם פעראיין לויט אלפאבעטישע ליסטע שריפטליך צו מעלדען דעם קראנקען צו בעזוכען.

§ 4. ער זאל דעם פעראיין זיגעל נוט באווארענען, און שלוס פון יעדען קווארטאל זאל ער אויספאדערען א פינאנס קאמיטע זאל די ביכער און פינאנס קאנטראלירען, ביים אויסטרעטען פון זיין אמט זאל ער אלע ביכער, ווערט פאפירען און אייגענטהום דעם פעראיינס אין דער זיצונג פון דער פינאנס קאמיטע צו זיין נאכפאלגער איבערגיבען.

§ 5. צו שרייבען סוספענשען לעטערס צו דער בעשטימטער צייט צו די יעניגע מיטגליעדער וועלכע שטעהען צום סוספענדירען.

§ 6. ביי איינעם טויטענספאלל, איבער זעהען די ביכער אויב דער מיטגליעד איז בערעכ- טיגט לויט פאראג. 2 ארטיקעל 7, צום בענעפיט. און ווען יאָ זאל ער דעם פערמיט אויסמאכען און אונטער שרייבען. ווען דער סעקרעטאר צו איין מיטינג ערשיינט ניט שטעהט ער אונטער דער קלאגע פון דעם פעראיין.

§ 7. ווען דער פרעזידענט אדער פינאנס קאמיטע דיא ביכער פערלאנגען אום זיי אונטער- זוכען און דער סעקרעטאר ענטזאגט זיך צו גיבען, זא מוז ער זיין אמט ענטלאסען.

§ 8. ער איז פארפליכטעט יעדען קווארטאל איין ליסטע צו מאכען פון דיא געלדער איינאמע און אויסגאבע זא גלייך פון די צוגעקום- ענע אדער אפגעקומענע מיטגליעדער.

§ 9. דער סעקרעטער בעקומט פון פער- איין סאלערי פיר זיין ארבייט נאך דער אבשטימונג פון פעראיין.

ארטיקעל 13

פליכטען דעם פינאנס סעקרעטער

§ 1. דער פינאנס סעקרעטער האט אלע געלדער דעם פעראיינס אפצונעמען אין דעם טרעזשורע געגען דיא ליסטע איבערגיבען.

§ 2. ער זאל דעם פראטאקאל סעקרעטער אין נויטיגע ביישטענדע צוהילפע זיין, אין אפוועזענהייט פון סעקרעטאר זאל ער זיין שטעלע פארטרעטען, און האט דיא קראנקע מיטגליעדער דעם פעראיינס וואכענטליך צו בעזוכען און איין קאפיע פון פינאנס בוך ביי יעדער מיטינג דעם סעקרעטאר איבער גיבען.

## ארטיקעל 14.

### פליכטען דעם טרעזשורער

§ 1. דער טרעזשורער זאל ביי איינטריט זיינעם אמט איין סעקיורעטי גיבען מיט דעם אפשטימינג פון דעם פעראיין.

§ 2. דער טרעזשורער מוז אלע מיטינגען אנוועזענט זיין און אלע געלדער צונעמען פון סעקרעטאר און אויף דיזען איין רעסיט גיבען.

§ 3. ער זאל איין קאססע בוך איבער זיינע איינאמע און אויסגאבע פירען, אלע אויסגאבען מיט אנווייזונגען און אונטערגישריבען פון דעם פרעזידענט און סעקרעטאר, אויסצאהלען ווען זיי זענען נאר פון פעראיין גיפעסט גיזעצליך.

§ 4. ער איז פערפליכטעט צו דעפאזיטען אין דיא באנק דיא סומע וועלכע איבערטרעפט

$50 אויף דעם נאמען פון דעם פעראיין און זאל צייגען אלע זיינע אויסגעצאהלטע טשעקס צו דער פינאנס קאמיטע ווען זיא פאדערט נאר פון איהם.

§ 5. דער טרעזשורער דארף קריגען איין סאלערי פון $1.00 פיר 6 מאנהייט, אלע געלדער זאל געצאהלט ווערען מיט טשעקס גיסיינט פון פרעזידענט, רעק. סעקרעטאר און טרעזשירער.

ארטיקעל 15.

פליכטען פון דיא טראסטיעס

§ 1. דיא טראסטיעס זאלען אלע פינאנץ איינגעלעגענהייטען איבערווייזען. זיי האבען צו דעפאזיטען מיט דעם טרעזשורער דיא געלדער אין בענק און דעם באנק באך דעם פרעזידענט איבער גיבען.

ארטיקעל 16.

§ 1. די אדווייזארי זאל איהרע זיטצונגען פיהרען אונטער דיא אפיסערס פון איין טשערמאן און סעקרעטאר, וועלכע זאלען ערוועהלט ווערען פון זיי זעלבסט, און זאלען מיטען 1 מאהל אין מאנאט. אויף דעם פערלאנג פון 3 אדווייזארי בארד אדער אויף דעם ארדער פון פרעזידענט זאל א מיטינג גערופען ווערען צו יעדער צייט.

1 דריטעל פון דער אדוויזארי באָרד בילדען א קווארים און איין מיטינג פון דער אדוויזארי באָרד איז בערעכטיגט גישעפטען צו פערהאנדלען אין צו ערלעדיקען אין די זעלבע קייס זאל ניט מעהר פארקומען פאר דעם פעראיין.

§ 2. די פליכט פון דער אדוויזארי באָרד איז צו פערהאנדלען טרייע און עהרליך, אללע גיזעצע, געשעפטען איינגילענעהייטען און אזוי פראגען וועלכע דער פעראיין ניט זיי איבער צו יעדער צייט צו פערהאנדלען און יעדע פערהאנדלונגען פון 2 דריטעל אנוועזענד ניט ווינציגער פון 2 דריטעל מאדושארטי בעשטימט און יעדען רעזאלטאט אין פעראיין אריין צו ברענגען.

ארטיקעל 17.

§ 1. דיא בעאמטע פון דיזען פעראיין זאלען 2 מאהל אין יאהר ערוועהלט ווערען אין נעמליך: צו ענדע פון דיא מאנאטען פון דזשון און דעצעמבער.

§ 2. 2 מיטינגען בעפאר דעם עלעקשען זאל פארקומען דיא 1טע נאמינישען און 1 מיטינג, בעפאר עלעקשען די 2טע נאמינישען, און קיין נאמינישען קען פארקומען דעם טאג פון עלעקשען.

§ 3. קיין מיטגליעד קען ערוועהלט ווערען אלס בעאמטער ווען ער קען ניט לעזען און שרייבען אידיש און ער קיינע 6 מאנאטען צום פעראיין בעלאנגט.

§ 4. קיין מיטגליעד קען נאמענירט ווערען ווען ער איז ניט אנוועזענד ביי דעם נאמינייטשען אלע ערוועהלטע בעאמטע האבען צו דיענען 6 מאנהייט צייט.

§ 5. דער עלעקשען זאל פארקומען ביי אסטראלין באלאט.

§ 6. ניט קיין בעצאהלטע בעאמטע קענען מער ווי 2 טערמין סטרייט ניט עלעקטעט ווערען.

§ 7. דער פרעזידענט האט דיא פאור צו אפוינטען דזשאדזש און טעלערס, און די דזשאדזש און טעלערס דארפען זעהן דער עלעקשען זאל צו געהן ריכטיג אין ארדער. ענדע דעם עלעקשען דארפען די דזשאדזש און טעלערס דיא וואוטס איבערצעהלען און פארלעזען, און דער דזשאדזש זאל דעם רעזאלטאט דעם פעראיין מיטהיילען. קיין אפיסער זאל ניט האבען קיין רעכט צו זיין דזשאדזש און טעלערס.

§ 8. ווען 2 קאנדידאטען פיר איין אמט ערהאלטען גלייכע שטימען זאל איין קאמיטע פון 9 אפוינטעט ווערען וועלכע זאלען דעם עלעקשען מאכען צווישען זיך, און ווער עס האט דיא מאדזשאריטי שטימען פון דער קאמיטע דער זאל ערוועהלט ווערען.

§ 9. ווערענד דעם עלעקשען זאל קיין מיטגליעד זיין סיט פערלאזען. דיא נייע בעאמטע פערנעמען זייערע פלעצער צום נעקסטען מיטינג.

## ארטיקעל 18.

### פינאנס קאמיטע

§ 1. איין פינאנס קאמיטע זאלען יעדען 3 מאנאטען ביי דעם דזשענראל מיטינג אפוינטעט ווערען וועלכע זאלען דיא ביכער און רעכענונגען פון פעראיין אונטערזוכען און ביים נעקסטען מיטינג אין פעראיין בעריכטען.

§ 2. דיא פינאנס קאמיטע בעשטעהט וויניקסטען פון 3 מיטגליעדער. דער טרעזשורער און סעקרעטארס מוזען אנוועזענד זיין. דער וויים פרעזידענט איז אימער טשערמאן פון יעדער פינאנס קאמיטע.

## ארטיקעל 19.

## שטראפען

§ 1. איין בעאמטער דער וואס אטענדעט ניט זיין אמט אהן איין אורזאכע 2 מאהל, זא ווירד ער בעשטראפט מיט 50 סענט, און ווען ער איז אבוועזענד 3 פערזאמלונגען ווערט ער פון זיין אמט ענטלאסען, און איין צווייטער זאל פון דעם פרעזי-דענט אויף זיין פלאטץ אפוינטעט ווערען. ווען דער פרעזידענט איז פון זיין אמט ענטלאסען, זאל דער וויס פרעזידענט פערטרעטען, און דער ערשטער טראסטי זאל דעם אמט פון וויס פרעזידענט פער-טרעטען. דער פראטאקאל סעקרעטאר ווען ער אטענדעט ניט די מיטינגען אהנע אורזאכע ווערט ער בעשטראפט מיט $1.00.

§ 2. ווען איין קלאגע געגען איין בעאמטען קומט פאר, זא זאל עס פארגילייזען ווערען ביים מיטינג, און ווען די קלאגע ווערט אנגינעמען ביי 2 דריטעל מאדזשארעטי זאל זיין אמט ענטלאסען ביז די אינטערזיכונגס קאמיטע וועט אויס געפינען צו ער איז שולדיג אדער ניט.

§ 3. ווען דיא אינטערזוכונגס קאמיטע וועט אויסגעפינען דאס דער קלאגער האט אומזיסט

דעם בעאמטען פערקלאגט זא זאל דער קלאגער בעשטראפט ווערען.

§ 4. איין מיטגליעד וועלכער ווערט אין איין קאמיטע אפוינטעט, און ער אטענדעט ניט אהן איין אורזאכע אדער ער רעפארטעט ניט צו דער צייט ווערט ער בעשטראפט מיט 50ס ביז 1$.

§ 5. ווען איין מיטגליד צו דער פיונעראל פון א ברודער אדער זיין פרוי קומט ניט אין צייט אהן גיוויסע אורזאכען זאל ער מיט 1.00$ בעש-טראפט ווערען.

§ 6. גנעזעצליכע אורזאכען צום ענשולדי-קען זענען נאר אייגענע קראנקהייט און קראנקייט פון דער פאמיליע אדער אפוועזענהייט פון שטאט

§ 7. ווען איין מיטגליעד נעמט ניט דעם פרעזידענטס ארדער ווען דער פרעזידענט ריפט איהם צו ארדער, ביי דער פערזאמלונג ווען ער בעלעדיגט דיא בעאמטע זאל ער דעם 1טען מאהל מיט 50 סענט אין 2טען מאהל מיט איין 1.00$ בעשטראפט ווערען און צום דריטען מאהל דעם האלל פערלאזען.

§ 8. יעדער מעמבער מוז דעם סעקרעטאר מעלדען ווען ער מופט ארויס פון 1 וואהנונג אין 2טען ביז 14 טאג. אויב ער טוהט עס ניט האט ער 25 סענט שטראף צו בעצאהלען

§ 9. דער אינסייד גארד מוז יעדען מעמבער ביי זיין אריין קומען פרעגען דאס פאסיר ווארט.

§ **10**. ווען איין מיטגליעד געהט געגען דעם פעראיין טוהן שלעכטס אדער ער שפרעכט זיך אויס אז ער וועט טוהן שלעכטס, זאל אפוינטעט ווערען איין קאמיטע ויי זאלען אינטערזוכען און דעם רעפארט צום מיטינג אפגיבען.

§ 11. ווען ביי איין פערזאמלונג וועט זיך איין בעאמטער ערלויבען ארינטער ווארפען זיין בעדזש, אדער מיט שימפ ווערטער אימעצין באליידיגען, זאל ער בעשטראפט ווערען מיט $2.00, און ווערט ענטלאסען פון זיין אמט. דיזער מיטגליד קען קיין מאל נאמענירט ווערען פאר א בעאמטען.

§ 12, אלע שטרפען געלט זאל צוגעשטעלט ווערען צו דיא דיוס וועלכע מוזען בעצאהלט ווערען צום קווארטאל, אין געגענפאל ווערט דער מיטגליעד אין דער אריער ליסט גישטעלט.

§ 13. ארונטערנעמען שטראף קען פארקומען בלויז ביי 2 פאלגענדע מיטינגס נאך דעם מיטינג ווען די שטראף ווערט ארויפגעלעגט, אבער דער סעקרעטאר מוז דעם שטראפירענדען מיטליעד שריפטליך בענאכריכטען דאס ער איז

שטראפירט געווארען, און ביז ווען ער האט צייט צו אפעלירען, אדער זיך ענטשולדיגען. דער סעקרעטאר מוז בלויז שרייבען צו דיא וועלכע וענען שטראפירט פאר ניט ברייננען קיין רעפארט.

ארטיקעל 20.

§ 1. יעדער ברודער וואס האט ויינע בייטראגע איננאנצען ביז איין סיטינג נאך דעם 3טען צאלונג ניט בעצאהלט ווערט ער אין דער אריער גירעכענט, און ער פארלירט אלע אינטערשטיצונגען פון דעם פעראיין אויסער קארקע, דאס מיינט ער פארלירט סיק בענעפיט, אינדאוומענט, שבעה-בענעפיט און פיונעראל עקספענסעס, און אויך אינטערשטיצונג בענעפיט און ער איז בערעכטיגט בלויז צו קארקע.

§ 2. ווען 3 מאנאט נאך דעם דושענעראל פערזאמלונג איז פאריבער און איין מיטגליעד האט נאך ויינע גאנצע בייטראגע ניט בעצאהלט זאל ער פון דער ליסטע אלס מיטגליעד גישטריכען ווערען אונד גיזעצליך סוספענדירט ווערען. דער סעקרעטאר זאל אבער בעפאר איהם א רעדשיסט לעטער שיקען דאס ער שטייט צו סוספענדירט ווערען, און ווען ער בעצאהלט די בייטראגע זאל ער אויך פאר דעם לעטער בעצאהלען.

§ 3, דיא בייטראגע זאל נאר בעצאהלט ווערען אויף די פערזאמלונג פון פעראיין און קיין ברידער ווערט אלס גוטשטענדער אנערקענט ווען זיינע בייטראגע ווערט ניט בעצאלט ביידעם מיטינג

§ 4. ווען איין סוספענדירטער מיטגליעד וויל ווידער אלס אלטער מיטגליעד אין פעראיין אריין קומען אין צייט פון 30 טעג נאך זיין סוס-פענשען, דארף ער אלע זיינע שולדען ביי זיין אריינקומען אין פעראיין איינצאהלען און אונטער-גייען א גינסטיגען דאקטאר עקזאמינײשען און דאקטאר קאסטען אליין בעצאהלען און גלייך נאך זיינע ווידער אפנאהמע איז ער 14 טעג אין אריער ליסט. נאך 6 מאנאט פון זיין סוספענשען דארף ער ווידער אלס נייער מיטגליעד פארשלאגען.

§ 5. ווען איין מיטגליעד איז אין דער אריער און האט זיינע שולדען איינגעצאהלט דאך איז ער 14 טאג אין דער אריער נאכען איינצאהלען.

ארטיקעל 21.

איינטריט געלט און בייטראגע

§ 1. דאס איינטריט געלט פון איין קאנ-דידאט זאל זיין וויא דער פעראיין וועט פעסין פון צייט צו צייט.

§ .2 דיא יאהרליכע דיוס פון דיעזען פעראיין זיינען 8 דאלער וועלכע מוזען גיצאהלט ווערען פיר יעדער קוואַרטאל $2.00 אין אדוועגס.

§ .3 א קאנדידאט וועלכער ווערט אין פעראיין אריינגעפיהרט ווערט גירעכענט זיינע בייטראַגע פון דעם טאג וואס ער קוסט אריין אין פעראיין, און ער האט צו צאלען ביז דעם נעקסטין דזשענעראל פערזאמלינג אין אדוועגס.

§ .4 יעדער ברודער מוז צאהלען 2 דאלער פאר קארקע, און ער האט רעכט דאס אויסצו-צאהלען אין פערלויף פון 1 יאהר.

§ .5 יעדער איינצאהלונג ווערט נאר ני-רעכענט פון טאג וואס ער האט בעצאהלט בייא דעם מיטינג.

§ .6 יעדער ברודער מוז בעצאהלען פאר איין קאנסטיטושען בוך 25 סענט.

§ .7 איין מיטגליעד קען גיטעקכט ווערען מיט $1.00 א יאהר ניט מעהר ווי מיט 25c אויף איין מאהל און ניט מעהר וויא 4 מאל אין יאהר.

§ .8 אויב איין ברידער איז אין נויט מוז ער זיך מעלדען שריפטליך אין איין קאמיטע וועט גלייך אפוינטעט ווערען זיך זעהען מיט דעם ברודער. און אויב דיא קאמיטע וועט אויס געפינען

אז דער ברודער איז ווירקליך אין נויט, האט די קאסיטע א רעכט צו רעפארטען גלייך צו דער אדווייזארי, און די אדווייזארי באָרד האט א רעכט צו רופען איין ספעשעל מיטינג פאר דיזען צוועק.

ארטיקעל 22.

§ 1. די געלדער פון פעראיין זאל דעפאזיט ווערען אין דיא באנק וועלכער דער פעראיין וועט בעשטימען.

ארטיקעל 23.

ארדענונגס רעגעלע

§ 1. ווען דער פרעזידענט פארטריט דעם טשער בעפאר ער עפענט דעם מיטינג זאל ער איין שלאג מיט דעם האַמער גיבען, און דאן מוז אלגימיינע רוהע הערשן.

§ 2. דער פּרעזידענט זאל די אינערוואכע אפסערקזאם מאכען אויב אלע אנוועזענדע אין האלל זיינען בערעכטינט ביי דעם מיטינג ביי צו וואוינען. אויב עס געפינט זיך ניט קיין איינגעפיהרטע קאנדידאטען, אבער וועלכע מיטגליעדער וואס זיינען פון דעם מיטינג לאקאל צוריק גיוויזען גיווארען, זאל דער קאנדאקטער דיזען פערזאן בעפוילען דעם לאקאל צו פערלאזען.

§ 3. האט דיא אינערוואכע דעם פרעזי-
דענט מיט גיטיילט דאס אלעס איז אין ארדענונג,
זאל דער פרעזידענט דעם קאנדאקטער בעאפטרא-
גען דאס אלע אנוועזענד גוטשטענדע מיטגליעדער
צו עקזאמענירען אויב זיי וויסען דאס פּאַסיר
ווארט, זאל איינער פון די מיטגליעד דאס פאסיר
ווארט ניט וויסען, זאל ער גלייך צום פרעזידענט
גייען און פון איהם צו ערפאהרין.

§ 4. ווען איין מיטגליעד קומט ווען דיא
טירין זענען גישלאסען און דער מיטינג איז שוין
ערעפענט, זאל ער אויף דער 2טער זייט טיהר אנ-
קלאפען, דער אינערוואכע איהם דעם פּעס ווארט
פרעגען, און ווען איין מיטגליעד וועיסט ניט דעם
פעס ווארט זא ברויכט ער צו זאגען זיין נאמען.

§ 5. דער פרעזידענט דארף צו פיהרען
ארדער ביי דיא מיטינגען, ניט ערלויבען 2 מיטגלי-
דער צוזאמען שפרעכען, זא גלייך קיינע מיטגלידער
איבער איין דעבאטע ניט ערלויבען נאר איין מאהל
צו שפרעכען ביז דיא איבּעריגע מיטגלידער וועלען
שפרעכען דיא זעלבע אנגילעגענהייט. אין אלגימיין
קען איינער גיט שפרעכען מעהר וויא 3 מאהל אין
יעדער בעזונדער דעבאטע.

§ 6. קיין מיטגליד האט דאס רעכט אונטער ברעכען דעם צווייטען ווען ער שפּרעכט איבער איין געגענשטאנד, אויסנאהמע, אום דעם רעדנער צו ארדענונג רופען. דער ביי דארף דער אינטער ברעכער זאגען די אורזאכע פון אויסער ארדענונג.

§ 7. יעדער מיטגליעד וועלכער ווינשט צו שפּרעכען אדער איין פארשלאג צו מאכען זא זאל ער צום פּרעזידענט זיך ווענדען און בעטען דעם ערלויבעניס. זאל דער פּרעזידענט אן איין אורזאכע ניט ערלויבען, זאל ער זיך ווענדען צום וויים פּרעזידענט וועלכער זאל ענטשיידען אויף דער מיטגליעד האט דאס ווארט.

§ 8. ווען צוויי אדער מעהרער מיטגלידער צו גלייכע צייט זענען אויפגעשטאנען זאל דער פּרעזידענט ענטשיידען וועלכען ער זאל דאס ווארט פריער גיבען.

§ 9. קיין פארשלאג זאל דעבאטירט ווערען ווען דער זעלבער איז ניט פון איין מיטגליעד אונטערשטיצט, און פון דעם פּרעזידענט פאר די ברידער ניט פארגיליינט.

§ 10. ליגט איין פארשלאג פאר דער זיצונג זאל קיין אנדערער ניט פארגיבראכט ווערען

אויסער איין אמענדמענט צו דעם פארשלאג צו אמענדירען, אדער איין פארשלאג די דעבאטע צו שליסען. דער לעצטער זאל אהן איין דעבאטע צום אפשטימינג געבראכט ווערען.

§ 11. ווען איין מיטגליעד שפרעכט און ער איז צום ארדנונגס גערופען זאל נאך דעם ווינטש פון דעם פרעזידענט זיין פלייז פערנעמען ביז דער ארדער ווערט ענטשיידעט ווערען.

§ 12. קיין פארשלאג זאל נישט פארגעבראכט ווערען וועלכע איז דאגעגען די געזעצע און קיין געזעץ פון דיזען פעראיין דארף אויף קיין מאמענט נישט פערמיידעט ווערען. אלע פראגען וועלכע קומען פאר און וועלכע זענען ניט פעראנען אין די געזעצע קענען פון דורך איין מאדזשארעטי פון די מיטגליעדער ענטשיידעט ווערען ביי דער פערזאמלונג.

§ 14. ווען איין פארשלאג איז אפגעשטימט געווארען און מען פערלאנגט איהם צו ציען צוריק זאל איין צושריפט פון 5 גוטשטענדיגע מיטגלידער צום פעראיין געשיקט ווערען, און ווען דער סעקרעטאר האט די מיטגליעדער מיט דעם צושריפט בעקאנט געמאכט, זאל ביי דעם נעקסטען מיטינג פעראנדעלט ווערען און 2 דריטעל שטימען ציען איהם צוריק.

§ 15 דער סעקרעטאר זאל אין איין עקסטרע בוך אריין שרייבען אלע נעבענגיזעצע וועלכע זענען פון פעראיין אלס גיזעצע אנגענומען גיווארען

§ 16. דער פרעזידענט האט דאס רעכט צו בעשטראפען איין מיטגליעד וועלכער וויל דעם פרעזידענטס ארדער ניט פאלגען פון 25c ביז $3, און ווען נאך דיזען שטראף ער בלייבט ניט רוהיג זאל מען ביי איהם ביז 3 מאנהייט צייט דאס ווארט צו נעמען.

ארטיקעל 24.

פערשיעדענע גיזעצע

§ 1. עס קען קיין אויפגילעגטע שטראפע יענעם נישענקט ווערען אויסער ווען ער קען בעוויזען דאס ער איז דורך איין קראנקהייט אדער דורך קראנקען פאל אין זיין פאמיליע פון זיין טענדען נישטערט געווארען.

§ 2. דאס שטראפע וועלכע דער פרעזידענט לעגט אויף איין ברודער קענען ניט נישענקט ווערען אויסער אויף איין דושענעראל פערזאמלונג מיט 2 דריטעל שטימען מאדושארעטי.

§ 3. דער פעראיין זאל פעסט בלייבען בא זיינע פרינציפען וויא לאנג עס זענען אין איהם דא

7 נוטשטענדיגע מיטגליעדער, און אין פאלל פון
אויפלעזונג אבען זיי דאן צו בעשטימען וואס מיט
דעם פעראיינס פערמעגען טאהן.

§ 4. דער פעראיין דארף זיך נימאלס פער-
וואנדלען אין אירגענד וועלכע רעליגיעזע, פאליט-
ישע סעקטע אדער אין איין לאדזש פון איין ארדען

ארטיקעל 26.

פערענ־ערינג פון דיזע געזעץ

§ 1. ווען איין גוטשטענדיגער מיטגליעד
מאכט איין פארשלאג צו פערענדערען די גיזעצע
מוז ער פון 10 גוטשטענדיגע ברידער אינטער-
צייכענט ווערען. דיזער פארשלאג מוז פארגילעזען
ווערען פאר דיא מיטגלידער ביי 2 פאלגענדע
פערזאמלונגען און נאך דעם ווערט גערופען איין
ספעשעל פערזאמלונג. און ווען דיזער פארשלאג
ווערט אנגענעמען דורך 2 דריטעל מאדזשארעטי
ווערט דער געזעץ אין קראפט.

שבועה

איך שפרעכע און געגענווארט פון דיא אלע
מיטגלידער פון די קיעוו טשערקאס בענע. אסס'ן.
אז איך וועל אפהיטען די געזעץ פון דיזען פעראיין
און מיין עלטער איז ריכטיג ווי איך האב אנגיגיבען
דערום גיב איך מיין ערענווארט.

## קאנסטיטושען קאמיטע

סיימען סאלסבערג טשערמאן

סאל טאפקים סעקרעטאר

ס. באדין

וויל. שערליס

נייטען וואלאדערסקי

סעם קאהן נו. 2.

אב. ריכטער

סעם סטאניסלאף

כ. אדאלף

מ. גאלד

אהרן ווייס

ל. מעשענבערג

ר. לאזאוויץ

דאקטער ה. ס. ארלאף

דאקטער נייטען הארענשטיין

מעקס עללים

ליאים ספאלאנסקי

ראובן מייזער